# היסטערישער נאַציאָנאַליזם

(וועגן דעם בוך „עקזאָדוס")

## פון זלמן יעפרויקין

# HYSTERICAL NATIONALISM

**(A Comment on Leon Uris' "Exodus")**

**By ZALMAN YEFROIKIN**

די לעצטע עטלעכע חדשים איז אייך גאַנץ אָפט אויסגעקומען צו באַגעגענען אידישע זין און טעכטער מיט דעם בוך פון ל. יוריס „עקזאָדוס" אין האַנט. („עקזאָדוס" מיינט „יציאה". דאָס איז דער ענגלישער נאָמען פון חומש „שמות", וואו עס ווערט דערציילט וועגן יציאת מצרים).

איר געפינט דאָס בוך אין אַ וועלט אידישע היימען. שוין איבער אַ יאָר ווי דאָס בוך איז לויט דער „ניו־יאָרקער טיימס" אויף דער רשימה פון די פאַרשפּרייטסטע ביכער. ביז היינט האָבן זיך שוין פאַרקויפט 375,000 קאָפּיעס פון דעם בוך און כאָטש דער פאַרקויף פון דער אויסגאַבע מיט דעם האַרטן איינבונד קומט נאָך פאָר, האָט דאָס ניט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן אַמעריקאַנער פאַרלאַג איצט אַרויסצוגעבן אין 1,500,000 עקזעמפּליאַרן אַ פאַראַלעלע אויסגאַבע אין אַ פּאַפּירענעם איינבונד.

דאָס בוך „עקזאָדוס" קויפן אידן און ניט־אידן. דער עיקר אָבער אידן. והא ראיה: היינטיקן זומער איז אונז אויסגעקומען צו מאַכן אַ פינף־וואָכיקע רייזע איבער אַמעריקע. איז ביז שיקאַגאָ האָבן מיר נאָך באַגעגנט דאָס בוך. וואָס ווייטער צו מערב איז עס פאַרשוואונדן. מען האָט עס אַפילו ניט געזען אין די פענצטער פון די בוך־געשעפטן.

דאָס בוך לייענען דער עיקר אידן פון צווייטן און דריטן דור. אָט די דורות ווערן פון אים באַווירקט. האָט מיך פאַראינטערעסירט דאָס בוך צו לייענען, אויסצוגעפינען מיט וואָס עס שפּייזן זיך די היגע אידישע דורות, וואָס איז דאָס וואָס האָט זיי אַלעמען פאַרכאַפּט ווי אַ ווילד־פייער.

מיר זיינען פולשטענדיק מסכים מיט דעם פרעמיער פון ישראל, דוד בן־גוריון, אַז ווי אַ ליטעראַריש ווערק האָט עס אַ קנאַפּן ווערט, אָבער ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־נאָוועלע איז עס דאָס גרעסטע וואָס איז ווען געשריבן געוואָרן וועגן ישראל (זעט סעטה קינג׳ס קאָרעספּאָנדענץ פון ירושלים, „ניו־יאָרק טיימס״ פון 4טן אָקטאָבער). נאָר אין דעם זין איז עס זיכער „דער שיר־השירים פון אַלע ראָמאַנען״, ווי דאָס טרומייטערט יעדן טאָג אין זיינע באַקאַנטמאַכונגען דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״.

מיר ווילן פון אונזער זייט צוגעבן אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד איז פאַר דעם מין ליטעראַרישע פּראָפּאַגאַנדע־ווערק געשאַפן געוואָרן דער טערמין: „סאָציאַליסטישער רעאַליזם״. דער שרייבער דאַרף דינען דעם כלומרשטן „סאָציאַליסטישן אויפבוי״. ער דאַרף פאַרגעסן אָן דער רעאַלער סאָוועטישערווירקלעכקייט און זיך איבערטראָגן אין אַ ניט־פאַראַנענער וועלט. כידוע, זיינען די רוסן גרויסע מיידימס אויף צו פאַרדרייען ווערטער. „עקזאָדוס״ געהערט אויך צו דעם זשאַנער וואָס מען רופט „דעטעקטיוו־סטאָרי״, אָדער „מיסטערי־סטאָרי״ (אין דער אידישער ליטעראַטור איז דער מין ניט פאַראַן, שרייבן מיר דעריבער בלע״ז). מיר האָבן דאָס בוך דורכגעלייענט מיט דער זעלבער שפּאַנונג ווי מיר האָבן אַמאָל, אין אונזערע גאָר יונגע יאָרן, געלייענט די מעשיות וועגן פּינקערטאָן און שערלאָק האָלמס און ווי מיר לייענען היינט אַ „מיסטערי־סטאָרי״. אָבער קיינער גייט ניט צו צו די ביכער מיט אַ ליטעראַרישער מאָס, זוכט ניט אין זיי עפּעס וואָס זאָל אייך דערהויבן. אַזעלכע ווערק רעגן אין בעסטן פאַל אויף אייערע עמאָציעס, ס׳רוב די נידעריקע, שלעכטע עמאָציעס. אַזוי איז אויך מיט דעם בוך „עקזאָדוס״.

דער מחבר ל. יוריס איז ניט קיין פּנים חדשות. ער האָט פריער אָנגעשריבן אַנדערע צוויי ביכער; איינס „בעטל קראַי״ (דער מלחמה־געשריי) וועגן די שלאַכטן אין פּאַסיפיק בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער ער האָט זיך באַטייליקט ווי אַן אַמעריקאַנער מאַרין, איז אויך געוואָרן אַ „בעסט סעלער״. שפּעטער האָט ער אַליין געמאַכט אַ סצענאַר פון דער נאָוועלע פאַר דער מואווי. ער האָט אויך געשריבן אַנדערע מואווי־סצענאַרן. ווען דאָס איצטיקע בוך איז פאַרטראַכט געוואָרן מיט אַ פינף יאָר צוריק האָט מעטראָ־גאָלדווין מייער געשלאָסן מיט יוריס׳ן אַ קאָנטראַקט אויף די מואווי־רעכט און פינאַנסירט זיין „אויספאָרשונגס״־רייזע

קיין אייראָפּע און ישראל. אַזוי אַז „עקזאָדוס" איז אין דער אמת'ן ניט אַזוי אַ נאָוועלע ווי אַ אויף גיך צונויפגעשטעלטער פּלאַט פאַר אַ סצענאַר. עס פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן פון אַ קינאָ־בילד. עס איז אַ מאָנטאַזש, וואו בילדער האַלטן אין איין בייטן זיך. פּלוצים, אין דעם שפּאַנענדיקסטן מאָמענט, רייסט זיך אַ בילד איבער און עס באַווייזט זיך אַ ניי בילד. עס איז אַ צונויפהעפטונג פון עטלעכע שפּאַנענדיקע מעשיות. צו דעם קינאָ־פּלאַט קומען צו עקסקורסיעס אין דער אידישער געשיכטע און אַ וועלט מיט ציוניסטישער פּובליסיטי. עס איז איין גרויסער פּראָפּאַגאַנדע־פּאַמפלעט, אָבער אָפּט צונויפגענייט אַזוי אַז עס רייסן די שטעך.

דאָס בוך הויבט זיך אָן מיטן יאָר 1946, ווען די בריטישע רעגירונג האָט פאַרמאַכט די טויערן פון פּאַלעסטינע פאַר אַ ברייטער אידישער אימיגראַציע. די אידן, וואָס פלעגן פּרואוון דורכברעכן די בלאָקאַדע, פלעגט זי אַריבערשיקן אין צייטווייליקע לאַגערן אויפן אינזל ציפּערן. איז אין יענעם יאָר געלינגט דעם מוסד עליה „ב" אַרויסצוגנב'ענען פון די לאַגערן אין ציפּערן 300 אידישע קינדער אין עלטער צווישן צען און זיבעצן יאָר. זיי אַרויפזעצן אויף אַן אַלטער האַלב־צעבראָכענער שיף וואָס זיי גיבן אַ נאָמען „עקזאָדוס" (יציאה"). זיי טוען דאָס נישט כדי די שיף זאָל ברעכן די בלאָקאַדע. דאָס איז אוממעגלעך, נאָר כדי צו פּראָוואָצירן ענגלאַנד, די דעמאָלטיקע אַרבעטער־רעגירונג, צו אכזריותדיקע מעשים. אויף אַזאַ אופן וועט דער געוויסן פון דער וועלט אויפגערודערט ווערן, און צווינגען ענגלאַנד אויפצוגעבן די בלאָקאַדע בכלל. מען שטעלט אין געפאַר דאָס לעבן פון 300 קינדער כדי צו דערגרייכן דעם ציל. די ערשטע וואָרענונג צו די ענגלענדער איז אַז די שיף איז אָנגעלאָדן מיט דינאַמיט און מען וועט זי אויפרייסן צוזאַמען מיט די קינדער, אויב ענגלישע סאָלדאַטן וועלן וואַגן צוקומען צו דער שיף. עס גייט אַוועק צוויי וואָכן און די ענגלענדער לאָזן זיך ניט פּראָוואָצירן. דעמאָלט קומט אַ מעלדונג פון דער שיף אַז די קינדער זייַנען אַרויס אין אַ הונגערסטרייק. עס גייט אַזוי אַוועק אַ שעה, פופצן שעה, 30 שעה. יעדן טאָג שטעלט מען אַרויס אויפן דעק אויסגעהונגערטע, גע'חלש'טע קינדער. די וועלט זאָל זען. נאָך 85 שעה הונגער־סטרייק לאָזט „עקזאָדוס" וויסן אַז פון מאָרגן אָן וועלן יעדן טאָג צען קינדער באַגיין זעלבסטמאָרד. ענגלאַנד — אָט די ענגלאַנד וואָס לויט דעם בוך „עקזאָדוס" איז איר רעגירונג די מערדערלעכסטע — לאָזט זיך ניט פּראָוואָצירן און דערלויבט די שיף דורכצופאָרן.

דער ציל איז אָבער ניט דערגרייכט. די אַלגעמיינע בלאָקאַדע פאַר־בלייבט.

לא היו דברים מעולם. די גאַנצע מעשה האָט קיין מאָל ניט געטראָפן. עס איז אייגנטלעך ניט וויכטיק. יעדער נאָוועליסט איז באַרעכטיקט צו אַ רייכער פאַנטאַזיע. אָבער דאָס איז אַ פאַנטאַזיע וואָס באַליידיקט אונז ווי מענטשן און אידן. האָט דאָך דער באַשעפער נאָר געוואָלט אויספּרואוון אברהמ׳ען און ניט דערלאָזן אַז יצחק זאָל אומקומען אויף דער עקידה. מה דאָך 300 קינדער? שטימט דאָס מיט דער אידישער מאָראַל וואָס לערנט אַז דער וואָס ברענגט אום אַ מענטשן, ברענגט אום אַ וועלט? פון ווען אָן איז ביי אידן דער ציל דער עיקר און דער מענטש אַ טפל? ס׳איז גענוג די מעשיות וואָס עס טראַכטן אויף אונז אויס אונזערע שונאים. דאַרפן מיר אַליין נאָך קומען מיט אַזעלכע מעשיות?

נאָך דער מעשה מיט „עקזאָדוס״ און צווישן דער מעשה וועגן דעם ענדגילטיקן נצחון פון דער ציוניסטישער אידייע און פון מדינת ישראל קעגן אַלע שונאים, קומען, ווי שוין געזאָגט, אַ ריי אַנדערע מעשיות, אין וועלכע עס ווערן אויף אַ מעלאָדראַמאַטישן און שפּאַנענדיקן אופן איבערגעגעבן מאָמענטן פון דער צוויי טויזנט־יאָריקער אידישער געשיכטע אין גלות, אַ געשיכטע פון בלאָנדזשענישן און שרעקלעכע ליידן ביז דער איד קומט צוריק אַהיים, אין ישראל, און געפינט דאָרט זיין אמת׳ן תיקון. אַ וויכ־טיקער עלעמענט אין דער נאָוועלע איז אויך דער הויפּט־ראָמאַן צווישן דער אַמעריקאַנער יונגער אלמנה קיטי און דעם פּאַלעס־טינער סאַבראַ און קעמפער אריה בן כנען, און דער זייטיקער ראָ־מאַן צווישן אַ דייטש־אידישער פּליטים־מיידל קאַרען און דעם בחור דוב לאַנדוי, וועלכער איז אַ מיט שנאה אָנגעפילטער פּראָדוקט פון היטלער׳ס געטאָ און היטלער׳ס לאַגערן.

אָבער אַלץ אין בוך איז היפּערבאָליש. די מענטשן אין אים — אויב זיי זיינען נאָר אידן — זיינען ניט קיין פשוט׳ע בשר־ודמ׳ס נאָר מלאכים, אָדער לעגענדאַרע העלדן. אַלע אידן זיינען איידל און פיין. זייערע שכנים זיינען אכזרים. די אידן זיינען קלוג, זיי כיטרעווען אַלעמען איבער (ווי אָפט מיר האָבן דאָס געהערט פון די אַנטיסעמיטן און וויפיל צרות דאָס האָט אונז פאַרשאַפט!).

לויט דעם בוך זיינען אַלע ענגלענדער פול מיט בייזוויליקייט, רישעות, פול מיט שקר און שווינדל. דער גרעסטער אידישער שונא איז געווען ניט דער דייטש, נאָר דער ענגלענדער. געפינט

זיך שוין צווישן די ענגלענדער אַ פיינער מענטש, איז זיין מאַמע געווען אַ גע׳שמד׳טע, אָדער ער איז אַ משוגע׳נער, אַ ניט נאָרמאַלער. דערפאַר זיינען די אידן כולם צדיקים.

יוריס פרעדיקט איבערן גאַנצן בוך אידישן ראַסיזם. עס איז אַ בוך וואָס שפּילט אויף די נידעריקסטע נאַציאָנאַליסטישע געפילן, אַ היסטעריש בוך.

דער מחבר ווערט באַזונדער צעשמאָלצן ווען ער רעדט וועגן מדינת ישראל און וועגן די ישראלים. ער איז אין דעם פּרט געטריי דעם טאָן, אָן וועלכן עס האַלטן זיך די מערהייט אַמעריקאַנער, אידישע און ניט־אידישע שרייבער פון אַרטיקלען און ביכער וועגן מדינת ישראל. די פּיפּיקע רעפּאָרטערס ווייסן אַז זאָלן זיי נאָר אָנשרייבן אַ לעבעדיק פּראָפּאַגאַנדע־בוך וועגן ישראל, וועט מען עס צעכאַפּן ווי מצה־וואַסער און עס איז דאָ אַ האָפענונג אַז דאָס בוך וועט ווערן אַ „בעסט סעלער״. אָט האָט איינער אַ רעפּאָרטער מיטן נאָמען ראָבערט סט. (צי דער סט. שטייט פאַר סיינט, הייליקער, איז אונז אומבאַקאַנט) דזשאַהן, אָנגעשריבן אַ בן־גוריון ביאָגראַפיע. דער חברה־מאַן האָט ניט פאַרמאָגט, ווי עס זעט אויס, קיין שום פריערדיקע צוגרייטונג פאַר דעם. ער איז אַוועק אין ישראל „פאָרשן״, זיך דורכגערעדט מיט עטלעכע בן־גוריאָנ׳ס מקורבים און די ביאָגראַפיע איז פאַרטיק געוואָרן. אָט האָט איר אַ מוסטער פון די פּראָפּאַגאַנדיסטישע פּערל וואָס געפינען זיך אין דעם בוך:

„דאָס איז געווען בן־גוריון דער נביא, אַ דירעקטער אָפּשטאַמלער פון ישעיה, ירמיהו, דניאל, הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה און מלאכי״.

ווי עס זעט אויס, האָט דער שרייבער אָדער ניט גוט נאָכגעקוקט אין תנ״ך, אָדער דער בחור־הזעצער האָט אַרויסגעוואָרפן יחזקאל׳ן.

ריכטיק שרייבט וועגן דעם א. וו. שערמאַן, דער קאָרעספּאָנדענט פון ישראל פון דעם לאָנדאָנער „אָבזירווער״ וועלכער האָט וועגן דעם בן־גוריון־בוך אָנגעשריבן אַ רעצענזיע אין „קאָמענטערי״ (אַפּריל, 1959): „דער פאַקט איז אַז די מערהייט ביכער וועגן ישראל זיינען פּראָפּאַגאַנדיסטישע, אויף גיך געשריבענע און שלעכט אינפאָרמירטע. טיילווייז רעפלעקטירט עס די שטאַרק־אָנגעלאָדענע עמאָציאָנעלע אַטמאָספער, אין וועלכער דעם ציוניזם קומט נאָך אויס צו אָפּערירן. עס איז גלייכצייטיק אויך פאַראַן די מורא אַז אַ מער אָביעקטיווע שילדערונג קען נאָך אָפּשוואַכן דעם ענטוזיאַזם,

אָדער די געלט־קאַמפּאַניעס, צו וועלכע די מדינה האָט זיך צוגע־וואוינט און אויף וועלכע זי שטיצט זיך. טיילווייז העלפט עס אויך הויבן די פּאָליטישע מאָראַל אין ישראל גופא. באַזונדער ווען עס האַלט אין וואַקסן דאָס געפיל אַז עפּעס איז גאָר ניט אין אָרדע־נונג. עס קומט אויך אַנטקעגן דער נויט פון מערב׳דיקן מיטל־קלאַס, באַזונדער דעם אידישן, צו גלויבן אין אַ וועלכער ניט איז אוטאָפּיע אָדער אויסגע׳חלומ׳ט לאַנד, וואו עס זיינען ניט גילטיק די נאָרמאַלע געזעצן פון דער געזעלשאַפט, וואו דאָס לעבן איז גלאַ־טיק אָן קנייטשן, און מענטשן ווערן מאָטיווירט גיכער פון אידייען און אידעאַלן ווי פון אינטערעסן און פּאָראורטיילן״.

„אָט דער צושטאַנד איז אפשר אין איצטיקן מאָמענט גאַנץ באַקוועם פאַר די פירער פון ישראל און פון ציוניזם, אָבער אין לאַנגן לויף וועט עס ישראל ברענגען מער שאָדן ווי גוטס. איין זאַך איז קלאָר: העפּטיקע פּאַרליבטקייט אין אַן אויסגע׳חלומ׳ט לאַנד מצד דעם מערב׳דיקן מיטלקלאַס, פירט געוויינטלעך צו אַ ניט־וויניקער העפּטיקער אַנטוישונג. נאָך מער, ניט־קריטישע התפעלות העלפט אָפּלייגן דעם טאָג ווען ישראל וועט מוזן זיך אויסלערנען צו זיין דערוואַקסן און דער עיקר אַליין זיך אויסהאַלטן, אָנשטאָט מען זאָל זי באַטראַכטן ווי אַן אייביק וואונדער־קינד צווישן פעלקער״.

מיט איין וואָרט, מען האַלט זיך, פּאַראַפראַזירנדיק דעם רו־סישן אויסדרוק, ביי דעם „נאַציאָנאַליסטישן רעאַליזם״ אַלץ אויס־צופּוצן אין די שענסטע פעדערן און אָך און וויי איז דעם, וואָס פּרוואווט שרייבן אָביעקטיוו און אָנווייזן אויף דער אמת׳ער רעאַ־ליטעט פון היינטיקן ישראל. דער מחבר פון „עקזאָדוס״ האָט אָבער איבערגעשטיגן אַלעמען מיט זיינע מינכהויזן־מעשיות, מיט זיין „אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך״.

זיין געדאַנקען־גאַנג איז אַ גראָדלינִיקער. אַלץ אין אידישן לעבן אין משך פון 2,000 יאָר האָט געפירט אין איין ריכטונג צוריק קיין ישראל, צו דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה אין יאָר 1948. ווען ער דערציילט וועגן דר. הערצל׳ען זאָגט ער: „אָבער די הערצל־באַן האָט ניט געלאָזט זיך אָראָפּפירן פון די רעלסן און קיינער האָט עס אויך ניט געקענט באַווייזן״. לויט אים איז אַלץ געוועזן פּשוט און איינפאַך: „פון הערצל׳ס מוח איז גע־לאָפן אַן עקספּרעס דירעקט צו דער איצטיקער מדינת ישראל״. די זיגזאַגישע אַנטוויקלונג פון ציוניזם, זיינע פאַרשיידענע ריכ־טונגען גייען אים ניט אָן. אַזוי גייט אים אויך ניט אָן וואָס עס איז

פאָרגעקומען מיטן אידישן „גלות״־לעבן במשך צוויי טויזנט יאָר. לויט אים האָבן אידן די אַלע יאָרן געלעבט מיט איין ווילן צוריקצוקומען אין לאַנד פון די אבות. נאָר דער איינציקער געדאַנק האָט זיי באַהערשט. מער איז אין אידישן לעבן גאָרניט פאָרגעקומען. פאַרשטייט זיך, גזירות, רדיפות, נגישות און פּאָגראָמען — דאָס יע. וואָלטן די אידן געוואָלט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, פאַרמאָגן אַנדערע געפילן, אַ חוץ בענקשאַפט נאָך ציון, געוואָלט געניסן לעבנס־פרייד, האָבן די שונאי־ישראל ניט דערלאָזן. זיי האָבן דעם אידן צוריק אַרויפגעשטופּט אויף די אַלטע רעלסן, וואָס ווענדן סוף־כל־סוף פירן קיין ציון. כדי צו באַווייזן אָט דעם טעזיס זיינעם, שטעלט זיך דער מחבר ניט אָפּ פון פאַלסיפיצירן דעם גאַנג פון דער אידישער געשיכטע, און טוט אַלץ צו באַווייזן אַז אידן אין גלות זיינען תמיד געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים וואָס האָבן נאָר געטראַכט ווי זיי צו פאַרטיליקן, אַז די אַרומיקע וועלט איז אַ רישעות׳דיקע.

אָט, למשל, דערציילט ער אַז אידן האָבן אין שפּעטן מיטל־אַלטער צוליב רדיפות געמוזט אַנטלויפן פון צענטראַל־אייראָפּע קיין פּוילן. ביי אים קומט עס אויס אַז זיי זיינען געלאָפן פון איין גיהנום און אַריינגעפאַלן אין אַ צווייטן. דאָס שטימט אָבער ניט מיט דעם היסטאָרישן אמת.

ביי דעם אידישן היסטאָריקער אברהם מענעס לייענען מיר וועגן דעם (זעט זיין אַרטיקל „די מזרח־אייראָפּעאישע תקופה אין דער אידישער געשיכטע״, אידן „ד״, אַלגעמיינע אידישע ענציקלאָפּעדיע, ניו־יאָרק, 1950): „אויב אידן זיינען פונדעסטוועגן וויטער געבליבן אַ פאָלק און האָבן במשך פון עטלעכע דורות ביסלעכווייז באַוויזן ווידער קומען צו זיך, האָבן מיר עס אין דער ערשטער שורה צו פאַרדאַנקען דעם נס פּוילן״.

„זינט דער צייט פון חורבן בית שני האָט קיין שום אידישער ישוב (מיטן איינציקן אויסנאַם פון דעם ישוב אין בבל אין דער צייט פון די בעלי־התלמוד און די גאונים) ניט געשפּילט אַזאַ ראָלע אין דער אידישער געשיכטע ווי פּוילן. דאָס גאַנצע מזרח־אייראָפּעאישע אידנטום און דאָס מיינט איבער 80 פּראָצענט פון אידישן פאָלק ציט זיין יחוס פון פּוילן. אָן פּוילן וואָלטן מיר היינט געהאַט אין בעסטן **פאַל קליינע, צעברעקלטע רעשטלעך** אידן, מיר וואָלטן אָבער ניט געהאַט קיין נאַציאָנאַל־שעפערישע אידישע מאַסן־ישובים פון אַזאַ פאַרנעם ווי דאָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די גרויסע אידישע קיבוצים אין אייראָפּע״.

„דאָס אידישע מזרח־אייראָפּע האָט במשך פון די לעצטע פיר יאָרהונדערטער אַרויסגעוויזן אַזאַ גוואַלדיקע נאַציאָנאַלע ענער־גיע ניט בלויז דעמאָגראַפיש, נאָר אויך גייסטיק און מאָראַליש״. „אין קיין שום אַנדער לאַנד אין אייראָפּע האָבן אידן זיך ניט גע־פילט אַזוי אין דער היים ווי אין פוילן״. „עס האָבן דאָ קודם כל געפעלט די אויסערלעכע סימנים פון רעכטלאָזיקייט און דעגראַ־דאַציע, ווי דאָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אידישע קהילות אין צענטראַל־אייראָפּע. עס האָט אין פוילן אין גאַנצן גע־פעלט דאָס אידישע געטאָ־לעבן״. דער פוילישער איד „איז געווען אָרגאַניש אין גאַנצן איינגעגלידערט אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד״. „ערשט אין פוילן זיינען אידן ווידער געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער קיבוץ מיט אַן אייגענער שפּראַך, מיט אייגענע פאָרמען פון סאָ־ציאַלן לעבן און מיט אַ ברייטער פאַרצווייגטער סיסטעם פון אוי־טאָנאָמע אינסטיטוציעס״.

דער בחור השרייבער פון דעם „שיר־השירים פון אַלע ראָמאַ־נען״ איז אַ גרויסער עם הארץ אין אידישער געשיכטע. דער עיקר האָט ער ניט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דעם גאַנג פון דער אידישער געשיכטע, עס איז אים פרעמד איר זין. אָבער פון וואַנען זאָל ער קענען אידישע געשיכטע? קיין אידישע דערציאונג, ווי עס זעט אויס, האָט ער ניט געקראָגן. עס זיינען אים פרעמד בידע אונזערע לשונות. (דער התפעלות׳דיקער אינטערוויו מיט אים, געדרוקט אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, זונטיק, דעם 11טן אָקטאָבער, וואָלט דאָך זיכער עס ניט פאַרשוויגן). זיינע גאַנצע אידישע ידיעות האָט ער געקראָגן בעת אַ דריי־יאָריקער „פאָרשונגס־רייזע״ קיין ישראל. איז פון וואַנען זאָל ער וויסן אַז רדיפות האָבן אויף אידן אין פוילן זיך אָנגעהויבן אַ סך שפּעטער, אַז די ערשטע צייט איז מען געווען צו זיי גאָר פריינטלעך, אַז מען האָט זיי באַשיצט און זיי געגעבן פאַרשיידענע פּריווילעגיעס? און פון וואַנען זאָל ער וויסן אַז שפּעטער, אין רוסלאַנד, ניט געקוקט אויף די רדיפות, „האָט די אידישע באַפעלקערונג, וואָס איז אָנהויב 20טן יאָרהונדערט אויס־געוואַקסן נאָענט צו פינף און אַ האַלב מיליאָן נפשות, בשום אופן ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ דעגראַדירטע, טיף־געזונקענע, אָפּ־געניטיקע און פאַראָרעמטע מאַסע״, ווי יוריס שילדערט עס (זעט ר. אַבראַמאָוויטש׳עס אַרבעט: „געשיכטע פון אידן אין פוילן, ליטע און רוסלאַנד״, באַנד „ד״ אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, זייטן 107־108).

לעאָן יוריס׳עס פאַראַכטלעכע באַציאונג צום „גלות״ און זיין

איבערטריבענע גלאָריפיקאַציע פון די אידן אין ישראל שטייגט אַריבער אַלע גרענעצן.

די נאָוועלע „עקזאָדוס", וועלכע איז אויך אַן איבערבליק אין בעלעטריסטישער פאָרם פון דער גלות־געשיכטע, איגנאָרירט יעדע אידישע דערגרייכונג (אין גלות איז דעם אידן דאָך ניט געווען מעג־לעך עפּעס צו דערגרייכן!) און יעדע שטרעבונג וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון ציוניסטישן געדאַנק, אָדער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דערציילט ער אונז ניט וועגן די פאַרשיידענע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען וואָס זיינען אויפגעקומען ביי אידן אין דער מאָדערנער צייט. ער מאַכט זיך ניט וויסנדיק וועגן דעם מאָדערנעם אידישן קולטור־רענעסאַנס אין מזרח־אייראָפּע און וועגן דעם גוואַלדיקן שעפערישן כוח פון יידיש לשון. פאַרקערט אידיש איז ביי אים אַ „דייטשישער ממזר" (Bastard German). אין אַ מעלאָדראַמאַטישער סצענע, אַזוי ווי אָפּגעשריבן פון ביליקן אידישן טעאַטער, דערציילט ער אונז וועגן דעם שפּראַכן־סכסוך צווישן יאָשען און זיין ווייב שרה. יאָשע לאָזט וויסן דער ווייב אַז ער וויל זיך מער ניט רופן מיט דעם גלות־נאָמען, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועט זיין נאָמען זיין ברק בן כנען: „ברק" — ווייל די אַראַ־בער רופן זיין בייטש: „בליץ" און אין העברעאיש מיינט עס ברק; „כנען", ווייל אים געפעלט דער באַרג כנען. און די ווייב דאַרף זיך איצט אויך רופן שרה בת כנען. ער וויל אויך אַז פון איצט אָן זאָלן זיי רעדן העברעאיש. זיין ווייב שרה, אַ פּשוט'ע אידישע פרוי, קען עס ניט באַנעמען. „יאָשע" איז איר נאָענט, ברק — פרעמד. אידיש איז איר שפּראַך; העברעאיש איז פאַר איר לשון קודש. דער מאַן שטעלט אַרויס אַ „שלאָגנדיקן" אַרגומענט: „אידיש איז די גלות־שפּראַך, די שפּראַך פון דער געטאָ". די ווייב באַנעמט עס ניט, זי דערקלערט אַ שטרייק און ווען דער מאַן ענטפערט איר ניט ווען זי רעדט אידיש, לאָזט זי אים היפּשע עטלעכע וואָכן ניט אַריין אין שלאָפצימער. דער סוף איז אָבער אַ זייער מעלאָדראַ־מאַטישער. די שוואַכע שרה גיט זיך אונטער דעם שטאַרקן ברק. אמת, פון צייט צו צייט, אין מאָמענטן פון באַגייסטערונג און כעס, פאַרגעסט זיך שרה אויף דעם איסור אויף אידיש.

יוריס פאַרזעט אויך דעם אויפקום פון פינף־מיליאָניקן אידישן ישוב אין אַמעריקע און זיינע גרויסע דערגרייכונ־גען. פאַרבייגייענדיק דערציילט ער אונז וועגן דער הילף וואָס אַמעריקע שיקט ישראל. פון וואַנען האָט זיך די

אידישע אַמעריקע געגומען און אין וואָס באַשטייט איר כוח, וועגן דעם איז קיין איין וואָרט ניטאָ אין בוך. ער דערציילט אונז אויך ניט, אַז עס איז געווען ביי אידן אין גלות אַן אַרבעטער־באַוועגונג, אַז אויך אין גלות האָבן אידן געקעמפט פאַר אידישער און אַלגעמיין מענטשלעכער פרייהייט, אַז אויך דאָרטן האָבן זיי אַרויסגעוויזן, ווען ס'איז נויטיק געווען, פיזישע גבורה. און וואָס הערט זיך מכוח גייסטיקער גבורה? דער איד וואָס איז רואיק, אָן מורא געגאַנגען אויף קידוש השם האָט אפשר פאַרמאָגט מער גבורה ווי דער איד וואָס איז פון הינטן אַרום באַפאַלן אַן ענגלענדער און אים געטויט. אַוודאי האָבן אַרויסגעוויזן גבורה די וואָס האָבן זיך געשלאָגן אויף באַריקאַדן און די געטאָ־קעמפער פון אונזער צייט.

אויב עס זיינען שוין געווען אידן אין מזרח־אייראָפּע, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן מוט און געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, זיינען לויט „עקזאָדוס" דאָס געווען ציוניסטן. זיי און נאָר זיי האָבן געגרינדעט די זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען. זיי און נאָר זיי האָבן געקעמפט אין די היטלער־געטאָס. אמת'ע גבורה, לויט יוריס'ן, האָבן אידן אָבער געוויזן נאָר אין ישראל, נאָר דאָרט איז פאַרשוואונדן דער איד, דער פּחדן (נאָך אַן אַנטיסעמיטישע אָנצוהערעניש), אַזוי ווען איינער פון די העלדן פון בוך לערנט זיין קינד זיך צו באַנוצן מיט אַן אָקסן־בייטש און די מאַמע שרעקט זיך פאַר דעם, צעשרייט ער זיך: „זיי שטיל, אידענע! דער זון פון ברק בן כנען איז אַ פרייער מענטש! ער וועט קיין מאָל ניט זיין קיין געטאָ־איד".

די ערשטע ווערטער מיט וועלכע מען באַגעגנט די ניי־אָנגעקומענע זיינען: „איר זייט איצט אין ישראל און עס וועט אייך מער קיין מאָל ניט אויסקומען אַראָפּצולאָזן דעם קאָפּ אָדער לעבן אין שרעק ווייל מען איז אַ איד" (דאָ ווילט זיך שטעלן די פראַגע: לעבן דען ניט נאָך היינט די ישראלים אין שטענדיקן שרעק פון איבערפאַלן אויף זיי טאַקע ווייל זיי זיינען ישראלים?).

ווייטער: „פון דעם מאָמענט וואָס די דערשלאָגענע האָבן אַוועקגעשטעלט אַ פוס אויף דעם ישראל־באָדן איז זיי געשאָנקען געוואָרן מענטשלעכע ווירדע און פרייהייט, וואָס איז דער מערהייט פון זיי קיין מאָל ניט געווען באַקאַנט און די גלייכהייט האָט זיי אָנגעצונדן מיט אַ ציל און אויפגעוועקט אין זיי כוחות, וואָס מען קען פאַר דעם ניט געפינען קיין שום פאַרגלייך אין דעם מענטשנ'ס געשיכטע" (זייטל 596).

אין איינער פון די אינטערוויוס וואָס זיינען געווען געדרוקט מיט

יוריס׳ן, האָט ער געזאָגט, אַז דער עיקר האָט ער געוואָלט ווייזן העלדישע אידן, מענטשן פון גבורה. דער גיבור פון ישראל און דער סאַבראַ ווערן אין בוך תמיד אַוועקגעשטעלט קעגן דעם פחדן און שוואַכלינג פון גלות. אַזוי לייענען מיר:

„אין אַ סך פּרטים האָט ירדנה טיפּיפיצירט די קינדער וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אין ישוב. זייערע עלטערן, וואָס האָבן געלעבט אין די געטאָס (אגב, מאַכט דער מחבר אַ טעות אַז אין פּוילן און רוסלאַנד האָבן אידן געלעבט אין געטאָס. תחום המושב, כידוע, איז געווען עפּעס אַנדערש ווי אַ געטאָ), אין שרעק און דעגראַדאַציע מחמת זייער אָנגעהעריקייט צו אידן, זיינען געווען אַנטשלאָסן אויפצוהאָדעווען דורות וואָס זאָלן זיין פריי פון מורא. זיי האָבן געטאָן אַלץ איבער די כוחות אַז די קינדער זאָלן אויסוואַקסן פרייע, שטאַרקע מענטשן" (זייטל 276).

מיר האָבן באַשאַפן, זאָגט ברק בן כנען, „אַ ראַסע פון אידישע טאַרזאַנען (טאַרזאַן איז אַן אויסגעטראַכטער ריז פון די קאָמיקביכער און די מואווים). איך האָב געהאַט אַ חלק אין אויפהאָדעווען אַ פּאָראַדע מענער און פרויען וואָס זיינען אַזוי פּאַרהאַרטעוועט, אַז זיי איז פרעמד אַ טרער און יעדער מין שפּל׳קייט". אָט די „ריזן" פאַרשטייט זיך שטעלן כוח העכער פון אַלץ. פיזישער כוח ווערט אין „עקזאָדוס" פאַרהערלעכט ביז דער העכסטער מאָס. „עין תחת עין" איז דער מאָטיוו. „וואָס מיר זאָלן טאָן גערעכט, צי אומגערעכט, קען ניט פאַרגליכן ווערן צו דעם וואָס מען האָט געטאָן מיט די אידן. קיין זאַך וואָס די מאַקאַבייער טוען קען ניט באַטראַכט ווערן ווי אומגערעכטיקייט אין פאַרגלייך מיט צוויי טויזנט יאָר מאָרד קעגן אידן". אמת, די מאַקאַבייער זיינען אַן עקסטרעמע טעראָריסטישע גרופּע. אָבער ווי זאָגט דער פירער פון דער מעסיקער הגנה וועגן עקיבאַ׳ן דעם עקסטרעמיסט: „מיינע געפילן און עקיבאַ׳ס זיינען די זעלביקע, אָבער ער קען אונז אַלעמען אומברענגען" (זייטל 280). דער מחבר גיט צו פון זיך: „כאָטש אָפּיציעל האָט די אידישע פירערשאַפט זיך אָפּגעטרייסלט פון זיי, זיינען אַ סך אין ישוב געווען גליקלעך מיט די האַנדלונגען (טעראָריסטישע) פון די מאַקאַבייער. עס איז נאָר געווען אַ מיינונגספאַרשידנהייט אין טאַקטיק, אָבער ניט אין פּרינציפּ" (זייטל 286). אַזוי לכל הפּחות וויל יוריס.

ס׳רוב שרייבער גלאָריפיצירן געוויינטלעך דעם סאַבראַ. אָבער יוריס שטייגט אַלעמען אַריבער. ס׳איז ביי אים מער פאַנטאַזיע ווי

וואָר. לויט דער אידעאַליזאַציע פון אַ סך איז דער סאַבראַ קאַלט און אַראָגאַנט אין דער געזעלשאַפט פון פרעמדע. ער זשענירט זיך ניט און איז פריי פון יעדער סענטימענטאַליטעט. ער איז עקסטרעם פּאַטריאָטיש לגבי מדינת ישראל, איז באַהאַוונט אין תנ"ך און איז פול מיט פאַראַכטונג צו דעם גלות־אידן און זיין געשיכטע. צו די שטריכן, וואָס ס'רוב פון זיי זיינען ריכטיקע, גיט יוריס צו נאָך עטלעכע היפש־באַפּאַרבטע אַזוי אַז עס באַקומט זיך ממש אַ חוזק.

אריה בן כנען קומט פון אַ פּאַראַדע פון איבערמענטשן (סופּערמען) וואָס זייער פאַרמעגן איז „זיכערקייט־אין־זיך". „זיין בלוט באַשטייט פון שטיקלעך שטאָל און אייז און זיין האַרץ איז ווי אַ פּאָמפּע, ווי ביי דעם מאָטאָר דאָרטן אין באָס. דאָס אַלץ שטעלט אים אַוועק העכער און איבער מענטשלעכע עמאָציעס".

די סאַבראַס פון „עקזאָדוס" טאַנצן די האָראַ און לאָזן זיך וואַקסן ריזיקע וואָנצעס. אויף זיי איז פאַראַן דער חותם פון אַג־רעסיוקייט, אָבער זיי פירן אויך ליבעס און זייערע ליבע־געפילן איינער צו דעם אַנדערן דריקן זיי אויס מיט פסוקים פון שיר־השירים. זיי זיינען טאַקע גוטע סאָלדאַטן, אָבער יעדער מאָל ווען זיי גייען אין קאַמף ווערן זיי דערמוטיקט מיט ציטאַטן פון תנ"ך: „געדענקט, איר שלאָגט זיך אויף דעם אָרט, וואו שמשון איז געבוירן געוואָרן". „אין דעם טאָל האָט דוד באַגעגנט גלית'ן" וכדומה.

יוריס' סאַבראַס זיינען איבערמענטשן. די אַרמיי פון פלמח, זאָגט ער אונז, „איז ניט געווען קיין אַרמיי פון שטערבלעכע", „דאָס זיינען געווען די העברעער פון אַלטערטום! דאָס זיינען געווען די פנימ'ער פון דן און ראובן און יהודה און אפרים! דאָס זיינען געווען שמשון און דבורה און יואב און שאול".

„דאָס איז געווען די אַרמיי פן ישראל און קיין כוח אויף דער ערד האָט זיי ניט געקענט אָפּשטעלן, ווייל גאָט'ס שכינה האָט גע־רוט אויף זיי".

מיר זעען אויף אַזאַ אופן ביי יוריס'ן ניט קיין רעאַלן, נאָר אַ מיטאָלאָגישן סאַבראַ. אָבער וואָס איז נאָך ערגער: די ישראלים זיינען ביי אים ניט קיין „אידן", נאָר עברים, היברוס. די קינדער פון מדינת ישראל פאַרמאָגן בלאָנדע האָר, בלויע אויגן, זיי זיינען אָפּשטאַמיקע פון די אומדערשראָקענע תנ"כ'ישע גיבורים. זיי טראָגן ניט אויף זיך קיין סימנים פון דעם געטאָ־אידן. פאַר אונז, פאַר אונזערע עלטערן, פאַרמאָגט דער מחבר נאָר פאַראַכטונג,

פאַראַכטונג וואָס דערגייט אין געוויסע ערטער פון בוך צו שנאה. שנאה קעגן דעם גלות־אידן מיינט פּאַקטיש שנאה צו דער מערהייט אידן, צום אידישן פאָלק. ער שאַפט צוויי אידישע פעלקער: די אידן און די העברעער. די אידן זיינען מיאוסע, פחדנ׳ישע באַשע־פענישן, מענטשן דערשלאָגענע, גייסטיק צעקאַליעטשעטע. אָט דעם אידן, דעם גלות־אידן, האָט די וועלט פיינט, אָבער ניט דעם עברי פון תנ״ך. די עברים, די העברעער, זיינען דאָך איינגעבאַקן אין האַרצן פון יעדן פרומען קריסט. איצט האָט ער, לויט יוריס, אויפ־געלעבט אין ישראל, אַרויסגעשפּרונגען אַ לעבעדיקער פון די זייט־לעך פון תנ״ך. און די וועלט קריגט פאַר אים דרך־ארץ. ווי זאָגט אַן אַמעריקאַנער איד, דער קאַפּיטאַן ביל, וואָס שמוגלט אויף שיפן אידישע אימיגראַנטן קיין ישראל: „איך האָב ליב אַמעריקע, איך וואָלט ניט פאַרביטן דאָס וואָס איך האָב דאָרטן אויף פּופּציק לענ־דער ווי פּאַלעסטינע״. „מיר זיינען אַמעריקאַנער, אָבער אַנדערש ווי די אַנדערע. אפשר פאַראורזאַכן מיר די אַנדערשקייט... אפשר מאַכן מיך אַנדערע מענטשן אַנדערש... איך בין ניט קלוג גענוג דאָס אויסצורעכענען. מיין גאַנץ לעבן הער איך, אַז וויל איך בין אַ איד בין איך אַ שרעקעוודיקער. איז וויל איך זאָגן: אַ יעדער מאָל וואָס אַ פּלמחניק רייסט אויף אַן ענגלישן דעפּאָ, אָדער וויזט די אַראַבער וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, געווינט ער רעס־פּעקט פאַר מיר. ער מאַכט פאַר אַ ליגנער יעדן איינעם וואָס זאָגט מיר אַז אידן זיינען פחדנים. די בחורים דאָרטן פירן מיין קאַמף פאַר רעספּעקט... פאַרשטייסט?״ (זייטל 99). דאָס איז די רעאַק־ציע פון די אַמעריקאַנער אידן אין דעם בוך. דאָס איז אויך די סיבה וואָס צענדליקער טויזנטער אידישע לייענער זיינען אַזוי באַ־גייסטערט פאַר דער נאָוועלע: די העלדישע אידן פון פּאַלעסטינע האָבן אָפּגעווישט די שאַנד פון פחדנות ביי דעם גלות־אידן. און וואָס מער זיי זיינען אידעאַליזירט, גוזמא׳דיק געשילדערט, אַלץ שטאַרקער די באַגייסטערונג.

זאָגן דאָך שוין לאַנג די ישראלים אַז זיי זיינען אַנדערע אידן, העכערע אידן. קיטי פרימאָנט, די ניט־אידישע אַמעריקאַנער פרוי און די העלדין פון ראָמאַן אין דער נאָוועלע, האָט איר גאַנץ לעבן געקוקט אויף אידן „ווי מען קוקט אויף חיות אין אַ שטייג״. „זי האָט אַלע מאָל זיך געפילט אומבאַקוועם צווישן אידן״. „זיי זיינען עפּעס אַנדערש. זיי זיינען ניט ווי מיר״. „איין זאַך וויל איך זאָגן, דער אריה בן כנען האַנדלט ניט ווי וועלכער ניט איז איד, ווען

איך האָב אַמאָל באַגעגנט. איר ווייסט וואָס איך מיין״. כאָטש זי איז קיין מאָל ניט געווען קיין אַקטיווע אַנטיסעמיטקע, טרויט זי ניט אידן און האַלט זיך פון וויטן פון אַמעריקאַנער אידן. זי באַזעצט זיך אין פאַלעסטינע צופעליק, צוליב אַ פערזענלעכער טראַגעדיע (זי האָט פונקט אַזוי זיך געקענט באַזעצן אין אַן אַנדער לאַנד), שרעקט זיך לכתחילה פאַר דעם לאַנד, אָבער מיט דער צייט וואָס נענטער זי באַקענט זיך מיט די סאַברעס, אַלץ מער נעמען זיי איר אויסזען „ווי אייגענע״. גאָרניט ווי די אידן וואָס זי האָט געקענט אין אַמעריקע. און צום סוף אידענטיפיצירט זי זיך מיט זייער קאַמף. עס שפילט דאָ אויך אַ ראָלע איר ליבע מיט דעם קאַלטן סאַבראַ אריה בן כנען.

אָט די צעטיילונג פון די אידן אויף צוויי מינים, העכערע און נידעריקע, טוט אויך געפעלן אַ סך קריסטן. זי איז פאַר זיי ווי אָנגעמאָסטן. דער ניט־איד, ביי וועמען עס איז ניט פאַראַן קיין באַזונדערע ליבע צו אידן, באַרואיקט זיין געוויסן מיט סימפּאַטישער באַציאונג צו דעם „היברו״. ווי באַלד דער ניט־איד קען זיך אידענטיפיצירן מיט דעם סאַבראַ, קען מען דאָך טאַקע גאָרניט האָבן קעגן געמישטע חתונות! דער אידישער העלד אריה בן כנען האָט חתונה מיט דער קריסטין קיטי פרימאָנט און די אידישע העלדין חנה, אַ שוועסטער וואָס האָט אַריבערגעפירט קיין ישראל די תימנער אידן, האָט חתונה מיט דעם אַמעריקאַנער אירלענדער פּאָסטער דזשיי. מעקוויליאַמס (ווי קומט עס וואָס גאָט׳ס סטראַפּטשעס שווייגן וועגן דעם ?).

און ווי געפעלט אייך אַזאַ אידיליע צווישן קריסט און איד ? עס איז קריסטמעס אין ישראל. אידישע קינדער קומען צו קיטי׳ס פענצטער און זינגען „שטילע נאַכט״ אין העברעאיש. קיטי זאָגט צו דער אידישער טאָכטער קאַרען, וועלכע איז אין די צייטן פון היטלער׳ן דורכגעגאַנגען אַלע שבעה־מדורי־גיהנום : איך האָב געלערנט אַז עס איז אוממעגלעך צו זיין אַ קריסטין אָן צו זיין אַ איד אין גייסט. אויף דעם ענטפערט קאַרען : „דו ווייסט וואָס, איך פיל מיך דאָ זייער נאָענט צו יעזוס׳ן״.

* * *

דער סך הכל איז : יוריס האָט אָנגעשריבן אַ גוטן סקריפּט פאַר אַ קינאָ־בילד. ווי אַ נאָוועלע איז עס פלאַך, געשמאַקלאָז און צעפלאָסן. אָבער דאָס אינטערעסירט אונז ווייניק. וואָס אונז אינ־

טערעסירט איז אַן אַנדער זאַך. זיין בוך ווערט, צום באַדויערן, פאַר טויזנטער אידן דער איינציקער קוואַל פון אידיש וויסן. טויזנ־טער וועלן קריגן אַ פאַלש און צעדרייט בילד וועגן אידישן לעבן און גאַנג פון דער אידישער געשיכטע. שעדלעך איז אויך זיין צעטיילן די אידן אין צוויי פעלקער און זיין ביטול־באַציאונג צום אידישן לעבן איבער די תפוצות. ניט נאָר איז ביי אים פאַראַן ביטול צום גלות, נאָר אויך שנאה צו דעם אידן אין גלות, כאָטש ער שפּילט אָפּט אויף נידעריקע, נאַציאָנאַליסטישע עמאָציעס. לויט אים לויערט אויף אידן דער שאָטן פון היטלער׳ן אומעטום, אפילו אין אַמעריקע. די וועלט איז אַן אכזריות׳דיקע וועלט. אַ איד קען געווינען זיין פאַרלאָרענע זעלבסטווירדע נאָר אין מדינת ישראל. ער קען קיין מאָל ניט זיין קיין פרייער, ווירדיגער מענטש אין קיין אַנדער לאַנד, ווי דעמאָקראַטיש דאָס לאַנד זאָל ניט זיין. פיזישע גבורה שטעלט ער אויף דער העכסטער מדרגה אין סתירה צו דער גאַנצער אידישער וועלט־אַנשויאונג.

ער גיט אַן אויסגע׳חלומ׳ט בילד וועגן ישראל. ער דערציילט ניט וועגן אירע פּראָבלעמען. עס איז דאָך נאַטירלעך אַז אַ לאַנד וואָס איז אויפגעקומען אונטער אַזעלכע שווערע תנאים, זאָל פאַר־מאָגן פּראָבלעמען. ער דערציילט ניט וועגן די יאָרן פון נויט, רירט ניט אָן די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און אויך וועגן דער לאַסט אויפן לאַנד צוליב דעם שטענדיקן שטראָם פון ניי־געקומענע. ער באַרירט מיט קיין איין וואָרט ניט די שפּאַנונגען און אַנטאַגאָ־ניזמען, וואָס זייַנען אויפגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס אין לאַנד האָבן זיך באַגעגנט מענטשן מיט פאַרשיידענע קולטורן און אויך פון פאַרשיידענע קאָלירן. אַ פאַלש, איבערטריבן בילד וועגן ישראל טוט דעם לאַנד קיין טובה ניט. וואָס גרעסער די אילוזיעס, אַלץ שטאַרקער די אַנטוישונגען.

ישראל פאַרמאָגט אַ סך העלדישע מעשים, אָן זיי צו איבער־טרייבן. עס איז פאַראַן גרויסע גבורה אפילו אין דעם טאָג־טעג־לעכן אויפבוי פון לאַנד, אין באַגעגענען די טאָג־טעגלעכע שווע־ריקייטן. אָבער וועגן דעם אַלץ שווייגט דער מחבר. זיי זייַנען פאַר אים צו קליין, זיי האָבן אַ קנאַפּן ווערט פאַר אַ קינאָ־בילד. דער קאָרעספּאָנדענט פון „ניו־יאָרק טיימס״, אין דעם אַרטיקל וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט, דערציילט ווי אַזוי די אידן פון ישראל רעאַגירן אויף „עקזאָדוס״. „זיי הויבן ניט אָן צו פאַרשטיין, זאָגט ער, ווי אַזוי אַזאַ בוך האָט געקענט אַזוי באַווירקן

די אידן פון אַמעריקע״ (צוליב דעם בוך האָט אין ישראל זיך גוואַל־דיקן פאַרגרעסערט די טוריסטיק פון אַמעריקע). „דאָס בוך שטעלט אַוועק אין פאַרלעגנהייט די וואָס האָבן דורכגעמאַכט די כאַאָטישע יאָרן אײדער די מדינה איז פראָקלאַמירט געוואָרן״. זיי פילן זיך ניט באַקוועם צוליב די אומגלויבלעכע זאַכן וועגן וועלכע דאָס בוך דערציילט.

„מיינט איר טאַקע אַז מיר זיינען אַזוי ווי דאָס בוך דערציילט וועגן אונז?״ האָט אים זיינער אַ ישראל־פריינט געפרעגט. „ליבער גאָט, עס זיינען אין ערגעץ קיין מאָל ניט געווען אַזעלכע פערפעקטע אידן! מיר האָבן געהאַלטן אַז מיר האָבן שוין איבערצייגט די וועלט, אַז מיר זיינען געווען נאָרמאַלע מענטשלעכע באַשעפענישן, ביז עס איז געקומען דאָס בוך 'עקזאָדוס'״.

מיר וועלן פאַרענדיקן מיט אַ מעשה וואָס דער זעלביקער קאָ־רעספאָנדענט גיט איבער: אין אַ בוך־געשעפט אין ירושלים איז אַריינגעקומען אַ קונה און גענומען דורכקוקן די לעצטע נאָוועלעס. דער אייגנטימער האָט עס באַמערקט און אים פאָרגעשלאָגן קויפן „עקזאָדוס״.

„אַ דאַנק, האָט דער מאַן געענטפערט, איך בין ניט קיין טו־ריסט״.

---

איבערגעדרוקט פון נאָוועמבער און דעצעמבער 1959 נומערן „וועקער״.
*Reprinted from the Wecker*, (*Nov & Dec.* 1959).